י. א. ראָנטש

# אינדיאַנער זומער

## געקליבענע לידער

1929 - 1924

א. בידערמאַנס פאַרלאַג
ניו יארק

# אינהאַלט:

I

# דאָס ליד פון צאָרן

פון אַלע גלידער גליט אַרוים דער ברום פון גרויסן צאָרן,
וואָס האָט צונויפגעזאַמלט זיך, ווי וואַסערן אין יאַם;
און ווען עס וועט אַ דונער טאָן דער שאַל פון האָרן,
צעברעקלען וועט ער יעדן צאַם.

דער שטורעם-ווינט צעברעכט די אַלטע ביימער
און וואַיעט-אוים זיין ליד פון העפקער און פון טעל;
און קענן אונדז ניט שטעלן וועט זיך מער קיין שוימער,
און ניט שוינען וועלן מיר דעם סוינעס פעל.

פון לייבער אונדזערע געשניטן פאַסן,
און רויטע וואונדן גליען נאָך אַף אונדזער הויט;
ס׳האָט אונדזער וואַרעם בלוט געוואַשן אַלע גאַסן,
און באַפאַרבט די טורעמס רויט...

און ווי עס נעמט אַ סאָף צום נאַכטיק שווייגן,
און זיכער קומט דער נייער טאָג —
אַזוי וועט אונדזער צאָרן שטייגן אַלץ און שטייגן,
אַזוי קומט־אָן אַ סאָף צו אונדזער שווערער פּלאָג.

יאַמען כוואַליען זיך און ברויזן,
ווייסע שוימען שלאָגן זיך אָן ברעג;—
צאָרנס, ווי די שווערדן בלאַנקע, זיך־צעבלויזן
אָף אונדזער שטורעמדיקן וועג.

און ווען עס טוט אַ שאָל דער קלאָרער האָרן
און פאָדערט־אויף צום שטרייט מיין שטאַם —
וועט אונדזער גליענדיקער צאָרן
ניט וויסן פון קיין צאַם!

# מיר

ניטאָ פאַר אונדז אַצינד קיין רו:
מיר לעבן ביים געבויר פון גרויסע שטורעמס;
באַהאַלטן זיך — ניטאָ אינערגעצוואו,
— עס וועלן קראַכן אומעטום די טורעמס.

די צייט פון שטילע טפילעס איז אַריבער,
צו־מאַכטיק איז דער שמאַרץ פון וואונדן רויטע;
עס שיפען גיפטיק שלאַנגען פון די גריבער,
און שווארצע ראָבן פראַוועז סודעס איבער טויטע.

און מיר — פון אייביק־אָן געקייטע, אונטערדריקטע,
ניטאָ פאַר אונדז פון איצט שוין מער קיין פריד. —
מיר וועלן מער ניט הערן קרעכצן אייגענע, פאַרשטיקטע,
מיר וועלן מער ניט זינגען ס׳אַלטע ייעש־ליד.

נאָר מיט אויגן צאָרניקע און פויסטן געביילטע
וועט צום הימל רייסן זיך אונדזער רוף צום קריג;
און מיט פאַרכאַסמעטע טריט, געאיילטע,
וועלן מיר שפּרייזן זיכערע צום זיג.

עס מוזן פראַליק קראַכן אַלע טורעמס,
וואָס האָבן דוירעס אונדזערע פאַרקנעכטיקט;
מיר לעבן אין אַ צייט פון שטורעמס,
וואָס וועלן מיט די וואָרצלען אויסרייסן די נעכטנס.

ניטאָ פאַר אונדז קיין רו אַצינד:
געשלאָגן האָט די גרויסע שאָ פון אונדזער לייד;
מיר זיינען מער ניט שטום, מיר זיינען מער ניט בלינד,
מיר זיינען גרייט!

## דער רוף

לאנגזאם פויקט א באראבאן —
ערגעצוואו ;
פויקט און פויקט און הערט נים אויף,
שטערט די רו.

וועקט און רופט א באראבאן
דעם ארום.
הויבט זיך, איילט זיך מאן נאך מאן,
שטראמט געברום.

הערט זיך ריטם־שפרייז פון טריט,
באראבאנען־ברויז.
פויק נעמט מאכנעם מיט זיך מיט,
דונערט שטורעם אויס.

הויך און העכער דאס געברום,
מאסע וויגט די ערד.
היים דער אטעם פון דעם קום,
ראאש־רויש זיך מערט.

שטורעם פאדערט צארן־מוט,
זיגער־מאכט.
באראבאנען־רוף אין בלוט —
אויפגעוואכט !

# דאָס דערוואכן

איך האָב צעקריגט זיך מיט דער גאַנצער וועלט —
פאַרוואָס, פאַרוועגן?
עס האָט מיר אָטעם אויסגעפּעלט
פאַר מיין סינעם ברען.

דאָסזעלבע הויז — און דאָך ניט דאָס,
דיזעלבע לייט — און דאָך ניט די.
געוואָרן אַלץ — ווי האַרבסטיק גראָז...
און ס׳האָט געטאָן מיך אַזאַ צי
אַוועק דערפון, אַוועק געשווינט,
ווי כ׳וואָלט ביז איצט געוועזן בלינד.

אַוועק וואוהין?
איך ווייס ניט וואו.
איך ווייס נאָר, אַז איך בין ניט מער אַזוי ווי דו...

איך בין פון אַלטן „איך" באַפרייט,
און פורעם־אוים — אין סינעם פייערדיקן בייט —
אַ „איך" אינגאַנצן ניי.

איך בין ניט דער, וואָס כ׳בין געווען:
איך האָב צעקריגט זיך מיט דער גאַנצער וועלט;
און האָסן האָס איך מיט אַזאַ ברען —
אַזש מיר אָטעם פעלט!

## צו אייך

און וואו ס׳איז דאָ אַן אויג, וואָס טרערט,
אַ האַרץ, וואָס פּייניקט זיך און קוועלט —
דער ווייטיק פון דער קראַנקער ערד
דערטראָגט זיך צו מיין שטיל געצעלט.

ס׳געוויין פון הונגער און פון נויט —
איז מיין געוויין, איז מיין געקלאָג;
דער שמאַרץ פון וואונדן, בלוטיק־רויט,
איז אין מיין וויי, איז אין מיין פּלאָג.

און וואו אַן אויג מיט פייער גליט,
אַ פויסט — געשטרעקט און שטייף געבאַלט,
אַ האַרץ, וואָס הויבט זיך און וואָס זידט,
אַ קאָל, וואָס דונערט און וואָס שאַלט —

אַהין מיין אויג פלאַמט־אויף און שטראַלט,
אַהין מיין וועג איז פעסט און קלאָר;
מיין פויסט איז אַדערדיק געבאַלט,
מיין קאָל וועט הערן זיך אין כאָר.

אָ, ערד, אין יאָך פון נויט געשפּאַנט!
אָ, וועלט, געקאָרטשעטע פון פיין!
איך שטרעק צו אייך מיין דאַרע האַנט,
איך נעם אייך אין מיין האַרץ אַריין!

.1923

# די גאַס פון אָרימקייט

די גאַס פון אָרימקייט באַהאַלט זיך ניט פון בושע,
נאָר שטאָלץ טראָגט זי איר העפקער־קאָפּ
אַף די שמאָלע, ביינערדיקע אַקסל.
פון אירע נאָזלעכער פאַרעט אַרויס אַ סינע־לופט;
און פון די גרינע אויגן לאַכט אַ כויזיק־בליקל
צו אַלע זיבן הימלען;
און אירע פינגער שטעלן־אויס אַ ריזן־פייג
צום באַרמהאַרציקן.

אומזיסט פאַרשטאָפּסטו דיין אויער
ניט צו הערן דעם גרילציקן ראַאַש
פון דער אָרימער גאַס.
איר גרילץ פאַרטויבט וועלטן,
איר ראַאַש דרינגט אַריין דורך אַלע הימלען און אָפּגרונטן.

וואולקאַנען ברויזן אין די אינגעווייד
פון דער גאַס פון אָרימקייט,
און די קעלער־שטובן גרייטן זיך
צום גרויסן קאַרניוואַל־ספּעקטאַקל.

# פראָלעטאריער

גרויע, שווערע פלאַכטעס איבער דיינע הימלען
וואַרפן־אָן אַן איימע אַף די אַלטע ביימער;
און די שטייענדיקע וואַסערן, וואָס שימלען,
און דעם פאַריצס שוימער, קאָרטשען זיך פון איימע,
פאַר די דראָענדיקע כמאַרעס אין די הימלען.

צאָפן־ווינטן זיינען העראָלדן פון שטורעם,
צאָפן־ווינטן צאַרנען, בראַזגען־אויס געברויזן;
שפיצט־אָן אויער יעדער שפיץ פון טויער־טורעם —
וועלן פייערדיקע בליצן זיך אַנטבלויזן
און זיך טוקען אין דעם אומגעצאַמטן שטורעם.

ווען די צייט וועט קומען, וועסטו זיך אַנטפלעקן,
און אַרויסלאָזן דעם שטורעם פון די צאַמען.
וועט די אַלטע וועלט אַ קראַך טאָן און זיך עקן —
דו וועסט אין דעם שטורעם רייניקן און ראַמען
און דיין צויבער־מאַכט פון שאַפן אונדז אַנטפלעקן.

איצטער זאַמלען פלאַכטעס זיך אַף דיינע הויכן,
איצטער איז די צייט פון שניידנדיקע ווינטן.
ניט פאַרנעפלען וועלן דיך קיין דיקע רויכן,
ניט פאַרפלעקן וועלן דיך קיין רעגנס־טינטן —
איצטער זאַמלען כמאַרעס זיך אַף דיינע הויכן.

# דאָס ליד פון היינט

אוועק מיטן אַלטן, ווי שיין ס'זאָל ניט זיין!
וויגט ער מיט זיסע ניגונים אונדז איין;
נאַרט דער אַ מ אָ ל אונדז אין שוים נאָר אַריין
ווערן פאַרשיקערט פון טרוימען מיר נאָר,
פאַנגט אונדז דערווײַלע די טעגלאַכע וואָר.
ווערן מיר שקלאַפן, אין קייטן פאַרשמידט;
שלעפט זיך דער נעכטן נאָך אונדזערע טריט.
קייטן נאָך קייטן, לאַסטן און שלעק
רייבן דעם זוניקן מאָרגן אַוועק.

שטיקט דער ה יי נ ט אונדז אָן אַ שיר —
ווער ס'איז אונדזער סוינע ווייסן מיר.
און מיט הערצער צאַרניקע פון לייד
גייען מיר דעם היינט אַנטקעגן צוגעגרייט.

מאַניעט נעכטן, זינגט זיין לידל זים,
נאָר אונדזער אויג איז ווי אַ שפּיז,
און דרינגט דעם נעכטן דורך מיט קראַך —
מיר זיינען וואָר, מיר זיינען וואַך.
איצט פאַרנאַרן קען אונדז קוים
לאַקרעצדיקער, אַלטער טרוים.

היינט איז דאָ און מאָרגן גרויט;
האַרט איז אונדזער לייב און הויט;
און דאָס בלוט איז פייער־רויט,
און מיט פויסט געביילט אין שטאָל
פאַרטרייבן מיר פון זיך אַ מ אָ ל.
מיר שטייען אָפן קעגן פיינט —
מיר זיינען היינט, מיר זינגן היינט.

## די קינדער־יאָרן פון בער דעם ארבעטער

...און ווי ס׳דערשנאַפּט אַ הונט דעם לויף פון טכויר,
און פאָלגט אים יעגעריש נאָך נאָך זיינע טריט,
און גיריק איז זיין גוף און וואַך דאָס אויער
און ווילדער ווערט אין יאַגד זיין אַפּעטיט —

אַזוי האָט צאָרניק בער געגאַרט דערגיין
די סיבע פון זיין אומגליק אָף דער ערד.
פאַרוואָס זאָל זיין זיין לעבנסליד — געוויין?
פאַרוואָס איז שלעק און שרעק אים נאָר באַשערט?

פון זיינע קינדער־יאָרן־אָן געטראַכט
האָט ער, אַז שולדיק מוז דאָך אימיץ זיין
אין דעם, וואָס שטעטס האָט ער געזען פאַרשמאַכט
זיין טאַטן, איינגעבויגענעם פון פיין.

געשטאָרבן איז דער טאַטע יונגערהייט,
און אַלט געוועזן דאָן איז בער בלויז צען;
נאָר טיף אין האַרץ פאַרבליבן איז די לייד
פון פּאָטערס לעצטע רייד: „אַ, ווער וועט זען,

אַז ס׳זאָלן מײַנע קינדער האָבן ברויט
און ס׳זאָל זײ בעסער זײַן צו לעבן דאָ?
ווײַל איך האָב בלויז געוואוסט פון דאַקעס, נויט,
און ביטער איז געווען מײַן יעדע שאָ״.

און בער געדיינקט דעם טאַטנס זאָרג און פּײַן,
ווען ר׳האָט פאַרלאָרן ס׳פּלאַץ אין דער פאַבריק;
ווען ר׳פלעגט אַוועק נאָך ברויט באַם מאָרגנשײַן
און קומען אַ פאַרשוּלדיקטער צוריק.

און בער געדיינקט די צײַט פון גרויסן סטרײַק,
ווען מ׳האָט דעם טאַטנס קאָפּ פאַרבאַנדאַזשירט,
ניט פאָלגנדיק, ווען מ׳האָט געהייסן: שווײַג!
און ס׳האָט אַ פּאָליציאַנט אים אַרעסטירט.

און גליקלאַך איז געווען דער טאַטע, ווען
ער האָט געשקלאַפּט פון פרי ביז שפּעטער נאַכט,
עס האָט אים בער דאַן זעלטן־ווען געזען,
און דאַר איז ער געווען און אָפּגעשוואַכט.

עס איז געוועזן שטענדיק אײַנג אין הויז,
און קיינמאָל ניט — וואָס מ׳האָט געדאַרפט — גענוג.
דעם צימער לופטיקן פאַר פרעמדע בלויז,
ס׳געשיר — פון בלעך, און אָן אָן אויער דער קרוג.

די קינדער פלעגן רייסן זיך, און פיינט
געהאַט זיך אָפּט, און אַלץ צוליבן ברויט.
ס׳האָט מאַמעס פּאָנים קיינמאָל ניט געשיינט,
פאַרשוואַרצט איז זי געווען פון זאָרג און נויט.

און נאָכן טאַטנס טויט איז זי אַוועק
געפּעס צו וואַשן אין אַ רעסטאָראַן;
און קומענדיק אַהיים פלעגט כראַקען זי, אַ שרעק,
און הוסטן גאַנצע נעכט, ניט קענען שלאָפן דאַן.

געשטאָרבן איז די מאַמע יונגערהייט.
דער דאָקטאָר האָט געזאָגט: די נויט — געטויט;
און ס׳האָט פון דאַן געפאַנגען און געקייט
די קינדער נויט צום בעטלערישן ברויט.

און שוין אַלס קינד האָט בער געפרעגט זיך דאַן,
פאַרוואָס אַ לעבן ביטערן באַשערט
איז דעם, וואָס האָרעוועט, דעם אַרבעטס־מאַן,
וואָס שאַפט און בויט די וועלט, וואָס נערט די ערד?

ס׳האָט בער געוואוסט, אַז שולדיק איז אין טויט
פּריצייטיקן פון טאַטע־מאַמע ווער;
און נאָך די מערדערס טריט, פאַרבלוטיקט־רויט,
האָט, ווי אַף יאָגד, געלאָזט זיך קאַמפּיק בער.

## קראנקע קינדער

איבער בראַזגעדיקע, ווילד-העפקערדיקע גאַסן
שלעפּן־אום זיך קראַנקע קינדער.
האַמערן אויבער־באַנען איבער זייערע מידע קעפּ,
טאַנצן שטאָל־כאַיעס אַף זייערע צאַרטע נערוון,
רעווען פייער־סירענען גלייך אין אויער אַריין,
פילן מאָנסטער־געפּאַרן שוואַכע הערצער אָן.

קראַנקע קינדער דאַרפן האָבן רו.
טרייבן נויט־בייטשן זיי אין פאַבריק אַריין;
צאַפּן רויב־מאַשינען פרייד פון קראַנקע קינדער אוים.
שלעפּן זיי זיך אין פאַרנאַכטן,
פון שווערער אַרבעט מאַט, אַהיים,
גאַרן גופים אויסגעצערטע רו.

הימל־קראַצערס הערשן איבער שטאָט.
שאַלטן־וואַלטן שטאָל־ און שטיין־געשטאַלטן.
וואַגלען קראַנקע קינדער איבער וואַנזין־שטאָט,
אויסגעמאַטערט און פאַרשמאַכט.
פרעגט נים קיינער,
זאָגט נים קיינער:
„קראַנקע קינדער דאַרפן האָבן רו“.

## זיין געפּייניקט לייב...

זיין געפּייניקט לייב — אַנטקעגן ווינט און שטורעם,
נאָר די פיס, זיי פּאָלגן אים געטריי;
ס׳איז זיין זעל געלייטערט אין יעסורים,
ס׳איז זיין יעדער אָטעם פריי.

אַף די וועגן לויערן געפאַרן,
גוף איז אויסגעמוטשעט, לעכצט נאָך רו;
ס׳קען זיך שטורעם־פויגל ניט פאַרשפּאַרן,
ס׳רופט אים, ס׳ציט אים שטורעם צו.

און אַרום, אַנטקעגן אַלע ווינטן —
קוים עס האַלט זיך נאָך דער גוף;
ס׳דינען אָבער פיס, אין לויף געשווינטן,
אָנגעשפּיצט איז אויער צו דעם רוף.

לאַנג נאָך וועט ער זיך אַזוי־אַ טראָגן,
דורכגעשפּיזט פון לייד און פּיין?
אַף זיין פּאָנים הייבט ערשט אָן צו טאָגן,
פון זיין בליק — עס שטראַלט אַ זונען־שיין...

## צו א שוועסטער

אָ, שוועסטער, מידע שוועסטער!
עס זיינען דיינע רייד געווען
ווי שווערע רעגנטראָפּנס
אין אַ בייזער האַרבסט-נאַכט.

וועלטן האָבן קעגן דיר געזינדיקט,
צייטן האָבן דיך געפּייניקט
און דערנידעריקט און פאַרשפּאָט.

ס׳האָט געזאָלט דיין פרילינג-לייב
אומענדלאַך פרייד אונדז ברייינגען,
נאָר עס האָבן דיינע שמאָלע אַקסלען
לאַסטן צאַאַר און פּיין געטראָגן;
ס׳איז דיין בליענדיקער גוף
געקרייציקט און געקרעציקט געוואָרן
און ס׳האָט אַ טיפער יאָמער באַגלייט דיין וועג.

אַ, שוועסטער, מידע שוועסטער!
פון דוירעס־לאַנגן פּיין
וואַכט־אויף אין דיר אַ שטורמיק לעבן.

דו קומסט צו אונדז אַ נייע און געלייטערטע;
שטרעקסט־אויס דיין שוועסטער־האַנט
צו אַלע ליידנדע, פאַרשמאַכטע;
שאַלסט־אויס, צוזאַמען מיט זיי,
דאָס ליד פון אומגעצאַמטן צאָרן;
הויבסט־אויף שטאָלץ דיין קאָפּ
מיט פריידנס־אָנזאָג —
און שפּאַנסט פאָרויס מיט נייעם, פרייען טראָט,
אַ, שוועסטער מידע, שוועסטער מיינע!

## דער העלד

אין דיקער פינצטערניש פון נאַכט
האָט זיך געהערט זיין קלאָג:
„זאָל ווערן טאָג!“
נאָר ס׳האָט די פינצטערניש געלאַכט
אים גלייך אין אויער אַריין
און צערייצט נאָך מער זיין פּיין.
און העכער אַלץ און שטאַרקער אַלץ
האָט זיך געטראָגן פון זיין האַלדז
דער ווייטיק פון זיין פּלאָג:
„זאָל ווערן טאָג!“
און ס׳האָט די שוואַרצע נאַכט
געוויזן אים איר מאַכט
און פעסטער אים געשטיקט.
זיין בליק געבליצט האָט פייער־פונקען,
נאָר ס׳האָט די פינצטערניש זיי גלייך דערטרונקען.
און ער — אין ווייט האָט נאָר געבליקט,
און געדונערט האָט זיין שלאָג:
„זאָל ווערן טאָג!“

— — — — — — — — — — — — —

און ווען ער איז אַוועקגעפאַלן פאַרשמאַכט,
האָט אָנגעוואָרן דאַן איר מאַכט
די נאַכט.
און אַף די כורוועס פון זיין קלאָג
באַהעלט די וועלט האָט — טאָג.

# צו יעדן איינעם

ווי קענסטו שווייגן, ברודער,
ווען מענטשן־קוימענס
שיסן שוואַרצע ליגנס אויס,
וואָס שפּרייטן זיך, ווי דיקע רויכן
איבערן קלאָרן רוים
און פּעסטיקן די לופט אַרום.

געננג שוין גלויבן אומשולדיק
און האָפן בלויז אַף גוטס.
עס ווערן הינטער דיינע טריט, ברודער,
גריבער אויסגעגראָבן,
זומפּן־נעצן געוועבט.

עס ווערט דיין גוטסקייט, ברודער,
געצייג אין הענט פון סוינע דיך צו שלאָגן.
און צאָלן וועסטו, ביטער צאָלן,
פאַר דיין שווייגן, ברודער,
פאַר דיין גלויבן, ברודער.

# דאָס ליד פון ראצן

שטשו.. שטשו.. שטשורעס...
שטשירענדיקע, שטשיפּענדיקע שטשורעס;
שפּרייזן אַפן ווייסן שניי;
שלייכן זיך פון לעכער...
אין די נעכט די שוואַרצע
שאַרן, שטאַרנדיק זיך ראצן;
קראַצן־אויס די לעכער,
שפּאַצירן אַף דער ווייסער וועלט אַרויס,
מאַכנעס, קאַראַוואַנען־וויַיז.
צו זייער יאַנטעוו גרייטן זיי זיך —
ווייסן שניי אין שוואַרצער נאַכט באַהערשן.

מער און מערער ווערן זיי.
ווער וועט איצט דען שטערן זיי?
נאַכט און שניי געהערן זיי!
שטשירען שטשורעס אויס זייער פרייד:
ווען איינגענעמען די וועלט,
היינט באַנאַכט נאָך איינגענעמען די וועלט!
„שטשו.. שטשו.. שטשורעס —
אַ שטשורענדיקע וועלט!

## פונקען פרייד

געפלאַקערט שוין די פונקען פרייד אין אַלע הערצער:
וואָס איז געווען אַ כאַלעם לאַנג — ווערט איצט אַ וואָר.
מיר האָבן זיך אַליין באַפרייט פון טונקלע קאַרצערס
און דערזען אין שפּיגל־צייט: מיר זיינען אַלץ און גאָר.

ווי גרויזאַם־מאַכטיק איז אָבער דער וואַכער סוינע,
און היט זיין האָב און גוטס, וואָס וועט באַלד אונדזערס זיין.
מיר זיינען נאָך דערווייל בײַ אים אַ גוטער קוינע:
ס׳ברייגנגט אונדזער וואַרמער שווייס אים פעטער גאָלד אַריין.

נאָר אויס איז שוין טיט פאַכעד־פּיין, מיט ווײַ אַמאָליק —
מיר זיינען אַלץ און גאָר, מיר האָבן זיך אַליין באַפרייט.
און פעסט איז אונדזער שפּאַן, און יעדער פּויסט איז שטאָליק.
עס פלאַקערט פרייד: מיר האָבן זיך דערזען אין שפּיגל־צייט.

## און ווײפּל טעג...

און ווײפּל טעג עס זײַנען נאָך פֿאַרבליבן
אױף אונדזער קורצן װעג —
ניט זאָלן װערן זײ צעריבן
אָן ציל, אָן צװעק.

סע װאַרט אױף אונדזער קומען
פֿון גרױע יאָרן אָן;
זאָל זיך אין דעם שטורעמס ברומען
אױך הערן אונדזער טאָן.

לאָמיר אָנשיקערן די טעג מיט גלױבן
און פֿאַרגיכערן דעם שפּאַן;
צײַטיק זײַנען שױן פֿון לאַנג די טרױבן,
װײַן איז אומעטום פֿאַראַן...

# מע רופט

מע רופט...
גייג־אָן דיין אויער און הער.
מע רופט. ניט פרעג וואוהין און ווער:
זיי גרייט!
זע, מע גייט —
גיי־מיט אין וועג,
ניט פרעג.

מע רופט...
צום לעצטן מאָל
עס שאַלט אַ קאָל
און טראָגט אין לופט,
דורך רויב
און שטויב,
אַ רוף צו דיר:
אָ, ריר זיך, ריר,
ווייל באַלד וועט זיין צו־שפּעט
פאַר דיין כאַראַטע און געבעט.

אָ, הער!
עס פאַלט אַ טרער
אין לופט...
מע רופט!

## פאראן ביי אונדז . . .

פאראן בא אונדז אזעלכע לייט,
וואס גלויבן אין דער רעוואלוציע,
נאר וואס ? — זי איז א קאפעטשקע נאך ווייט...
דערווייל — געגוג א רעזאלוציע,
אז „ווען עס קומט די צייט" ...

פאראן בא אונדז אזעלכע טוער,
וואס ראטן דיך צו שפאנען ;
נאר זיי אליין — זיי מוזן רוען,
זיי זיינען וועטעראנען.

ס׳איז לייכט אזוי דעם רואיקן און זאטן
צו כיינדלען זיך צו די, וואס קראמפן ;
ער טראכט : „ס׳איז ווייט פון עמעסדיקע טאטן,
א שפיל דאך זיינען זייערע קאמפן
און מיר וועט סיי־ווי־סיי ניט שאטן".

פאַראַן בײַ אונדז אַזעלכע יאַטן,
וואָס ווייסן ניט פון זיסע רייד.
זיי זיינען פּאַשעטע סאָלדאַטן,
אין קאַמף — טאָג־טעגלאַך — גרייט.

פאַר זיי איז רעוואָלוציע היינט
אין שאַפּ, אין גאַס, אין הויז און אומעטום;
וואו ס׳לויערן אַף אונדז די פיינט,
ניט קענען יאַטן בלייבן שטיל און שטום.
קאָרבאָנעס פאַלן שוין אָן צאָל,
נאָר בראַווער ווערן יאַטן;
עס שרעקט ניט פּיין אַפּ און שפּיטאָל,
מע ציטערט ניט פאַר גראַטן...

## יאַנטעוו

— ק. מרמרז.

1

ווי עס יאַנטעווט די נעשאָמע
אינם קאַמף פון שטער און בוי,
און דערהויבט זיך אין נעקאָמע
קעגן לעבן קנעכטיש־גרוי!

ניט קיין יאַנטעוו פון אַ סודע
און באַרוישונגען פון וויין —
נאָר אין זיכערקייט פון רודער
אין דעם שטורעם־יאַם אַריין.

יאַנטעווון — ווען וואונדן פייגען,
זינגען — ווען עס קוואַלט געוויין,
רייכסטע סודעס, פיינסטע ווייגען —
בלויז פאַראַן אין קאַמף אַליין.

יאַנטעוו איז אין יעדן איינעם,
ווער עס לייגט נאָר צו אַ האַנט
אויסצוראַטן דאָס געמיינע,
וואָס באַפלעקט דעם היינט מיט שאַנד.

אַלטער יאַנטעוו איז פאַרשוואונדן,
און אַמאָליק פרייד איז אויס;
היינט אַנטפלעקט אַלץ נייע וואונדער,
פרייד פון מאָרגן שטראַלט אַרויס.

אָ, ווי ס׳יאַנטעווט די נעשאַמע
אינם שטרייט פון שטער און בוי,
און דערהויבט זיך אין נעקאָמע
קעגן לעבן קנעכטיש-גרוי!

2

וואַך־אויף, וואַך־אויף, מיין ציטערדיקע פרייד,
שאַל־אויס דיין יובל־לויב;
אַף אַלע וועגן האָט די זון צעשפּרייט
איר לויטער גינגאָלד־שטויב.

און קינדער פרייען זיך, און יונגוואַרג קוועלט:
פון יאָנטעוו קומט די צייט.
דאָס שפּיל פון קלעזמער איבער גאָר דער וועלט
שוין הערט זיך פונדערווייט.

זאָל ס׳האַרץ ניט פּלאַצן אין דער גרויסער שאָ,
זאָל ס׳אויג ניט ווערן בלינד.
עס קראַקעט איצט איר לעצטע פלוך די קראָ,
די קלאַפּער־שלאַנג פאַרשווינדט.

און איבער כורוועס־בערג פון מיסט און רויך
שוין פינקלט גינגאָלד־שטויב;
עס פלאַטערט, בענטשנדיק אונדז, אינדערהויך
אַ מוטערלאַכע טויב.

און ווער אַצינד פון פּיין געבויגן גייט,
און וואו עס הערשט געקלאָג —
שאַל־אויס די וואונדער און די גרויסע פרייד
פון קומענדיקן טאָג!

# לענין

אונדז איז באַשערט געווען די גרויסע פרייד
צו לעבן אין איין צייט מיט לענינען ;
ווי שטאַרק מעקאַנע זיין וועט אונדז דערפאַר
דער קומענדיקער דאָר !

ס׳פאַרגייט אַ יאָר און נאָך אַ יאָר,
און לענינס נאָמען אינגער ווערט.
פון דאָר צו דאָר גייט־אויף די וואָר
פון לענינס וואָרט אַף גאַר דער ערד.

עס דרינגט אַריין אין יעדן טהאָם —
ווי פאַסן זון דורך כמאַרעס שווער ;
ווי שפּינוועבס ווערט די דיקסטע צאַם,
און ס׳שיצט זיין וואָרט ווי שאַרף געווער.

עס יאָכן דאָך אין אונדזער צייט נאָך פעלקער ביטער,
און ראַסן קנעכטיקן נאָך אונטער ריטער ;
נאָר פון האַוואַנאַ ביז שאַנכאַי
קלינגט לענינס רוף צו זיי : „ווערט פריי !“

און אין דער קיווערדיקער קוילן־שאַכט,
און אין דער הודזשעדיקער גרוים־פאַבריק
דרינגט לענינס גייסט אריין און וואַכט
און רופט צום שקלאַף: „די קייט צעפליק!“

ס׳איז לענינס דאָר אַ דאָר פון שטאָל,
און ס׳שטאַרקט זיין וואָר, און ס׳וואַקסט זיין צאָל,
און גוט איז דעם, וואָס איז פון שקלאַפן־שטויב
געוואָרן פריי, און קעמפט און גלויבט.

און גוט איז אונדז, וואָס ס׳איז באַשערט
אין לענינס צייט צו קענען לעבן,
און שטאָלצע אויף דער גאָרער ערד
דעם רויטן פאָדים זיינעם וועבן!

## אונדזער פירער

אײנאָונצװאָנציקסטער יאַנואַר, 1924.

רוקנס אײנגעבױגענע און קרומע,
אויגן אָנגעזאָפּט מיט פּײַן,
װעלן אײנזאַמע און שטומע
פרעגן: װאָס װעט איצטער זײַן?

און פון אַלע װינקלען װעט זיך טראָגן
דאָס געװײן פון אונדזער בלוט.
קלאָגן װעלן מיר, באַקלאָגן
אונדזער פירער, װעלכער רוט.

װען די ערד װעט אײנזאַפּן די טרערן,
שטיל װעט װערן מיטאַמאָל —
װעלן פלוצים מיר דערהערן
זײַן געלײטערט, זיכער קאָל.

און פאַרזאַמלען װעט ער אונדז און פירן
און באַלײַכטן אונדז דעם װעג;
און אַ פראַל טאָן אַלע טירן
פאַר די נײַע, פרײַע טעג...

## הענט

פון שווערער, שוואַרצער ערד אַרויס
צום אומגעצאַמטן הימל־רויס
זינגען־אויס און קלינגען־אויס —
דורך יעדן בלאַט און בלום און בוים,
דורך מוירעדיקע מויערן און ווענט —
די אויסגעאַרבעטע פּאָר הענט.

זיי זינגען דאָס געזאַנג פון שוויים,
פון בויער־יאָך און מוסקול־מאַכט;
פון בלוט, וואָס פליסט אָן אויפהער הייס,
פון מי, וואָס שיידט ניט טאָג פון נאַכט;
פון ראָד, וואָס ווערט ניט אָפּגעשטעלט,
פון אייביק לעבן, וואָס באַפעלט.

די הענט, די גוטע האַרטע הענט —
די טאַטע־מאַמע פון דער ערד,
וואָס פלאַקערן און ווערן ניט פאַרברענט,
וואָס זייער ליד צו יעדערן געהערט,
זיי זיינען אַזוי שאַפלדיק און קליין,
און קיינער הערט ניט זייער געוויין.

נאָר ווען עס ווערט צעשטויבט די לעצטע קייט,
און ס׳ווערט צעקראַכט די לעצטע טפיסע־וואַנט —
דאַן וועט דאָס מאַכטיק יובל־ליד פון פרייד
געהערן צו דער פרייער אַרבעס־האַנט.
אַ מאָנומענט, אַ מאָנומענט
צו אייביק־פרייע, גוטע הענט!

## אין מיר...

אין מיר — די גוואַלדיקע פרייד פון מאַכנעם קוטשעראַווע
וועלדער,
וואָס קאַטשען זיך אַראָפּ פון שטאָלצע בערג;
אין מיר — דאָס זאַרגלאָזע געטאַנץ פון שטיפערישע וואַסערן אַף
בליאַסקענדיקע שטיינער,
דער פרייער שפרייט פון גרינעם סטעפּ אין בלויען האָריזאָנט.

און מויערן פון שטיין און שטאָל, און גאַסן־ברוק,
און לופט פאַרפעסטיקטע פון שווייסיקן געקרעכץ —
ניט צאַמען וועלן מיר מיין פרייד פון גרינע, פרייע ווייטן.

איך שפרייז־אַרום אין שטאָט־געצוואַנג,
וואָס לאָמט און קרומט אייך און צעקאַליקט,
מיט פייגל־שוועב און דעמבע־שטאָלץ.
איך שפּאַר מיין ברוסט אַנטקעגן מויער
און פּראַל־אויף יעדע טיר און טויער
פאַר זון און רוים.

און ס׳זיינען מייַנע רייד ווי זינגענדיקע וואַסערן, וואָס קאַראַ־וואַנען זיך
דורך טיף־פאַרקלערטע, שווייגנדיקע וועלדער,
און טראָגן יאַנטעוו־פרייד אַף זייער וועג.

אין מיר — די אומרו פון צעברויזטע כוואַליעס
און די רו פון בערג־געפלעכט.
און וועט דער שטאָט־געאיינג די אומרו מיין צעפּראַלן,
וועל איך אַ פלאַטער־טאָן אין פרייען רוים
און ווערן מיטן העכסטן באַרג־פעלז גלייך.
מיין קאָפּ וועט מאַיעסטעטיש זיך אַ צי טאָן צו די הימלען
און כ׳וועל מיט שפּאָט אַ שמייכל טאָן אַראָפּ צום שטאָט־געפּענט.

## פרילינג

— יעקב שייפערז.

בלוי־פייגעלע איז פאַרבייגעפלויגן טאַנצנדיק
און ס׳האָט אַ טאַנץ געטאָן אין לופט מיט בלויער פרייד.
רויט־בריסטל נישטערט שפייז מאַיעסטעטיש,
פייגעלאַך־פיצעלאַך פלייטלען און גלעקלען.
פרילינג־גרין, יונג־גרין, גאָלד־גרין ווינקט פון פעלד און בוים,
ווי גלוסטיקע צאַרטקייט פון יונגפרויאישער רייפקייט,
דערוואַכטער.

היאַצינטן וועלקן שוין...
דערפאַר אָבער צעבליען זיך פּאַראַדנע טולפּאַנען־בייטן,
און סאַמעטענע פּענזים, און שעמעוודיקע פּיאָלקעס.
ביימערם בעקלאַך רויטלען זיך פון אופגעריכטער יונגשאַפט ;
אָנגעפיקטער ווייסער און ראָזעווער יאָנטעוו־צווייט
אַף פּאַרהאָרעוועטע פרוכט־ביימער, פּראָלעטאַרישע ;
גאָלדיק־גרינער קאַרק פון באַרג בעט : „גלעט“.

און איך בין בלויז אַ גאַסט דאָ.
איך קום פון גאַסן שמוציקע, צעפוילטע.
אין מיר — אומרו פון אונטערבאַן־געדראַנג;
און שטיין און שטאָל און שטויב און רויך
בליען, צערנדיק מיין איך.

איך בין אַ ווילד־פרעמדער דאָ.
און פרעמד איז מיר רו פון פעלד,
און ניט פאַר מיר — פייגל־געטרעל.

איך אייל צוריק. עס רופט געבראַזג,
איך דורשט נאָך שטאָט, וואו ס׳פרילינגט שטאָל,
וואו ס׳זינגען סאָבוויי־פייגל און פייער־וואָגנס.

נאָר כ׳ברייינג מיט זיך צוריק מאַטאָנעס פיל:
דעם דופטיק־פרישן אָטעם פון יונגע, גלוסטיקע פולברוסטיקע פעלדער,
דעם יאָנטעוו־בלי פון ביימער צעכראַסטעטע,
און פרילינג־פרייד פון בלוי־פייגעלעס פלאַטער־פלי.

## אינדיאַנער זומער

אינדיאַנער זומער שימערט־אויף מיט פרילינג־בלי.
עס צינדן וועלדער זיך אין פייער־גלי.
בלעטער־פאַל שפּרייט גינגאָלד אוים —
ס׳איז בראָנז די ערד, נאָר ווייך איר שוים.
און ציר־קאָליר איז שאַרלאַך־רויט.
עס שמעקט דאָס בלאַט מיט קאָרן־ברויט.
פון גרינעם צווייג בליט־אויף אַ פּאַקל־פלאַם —
עס יאָנטעווט אַ אינדיאַנער שטאַם.
און ס׳טונקלט גרינס, עס צונטערט ברוין,
דעם זומערס קרוין דאַנקט אָפּ דאָך שוין.
און קוואַליק־קלאָר איז קילע לופט,
און זון נאָך וועקט, און זון נאָך רופט.
עס קופּערט גראָז, עס פלאַמט דער וואַלד,
עס גאָלדיקט בלאַט און קנאַקט און פאַלט.
און ס׳לאַכט זיך אוים פון אַכזער־טויט
אינדיאַנער זומער רייף און רויט.

## האַרבסט לידער

1

די נאַכט פון האַרבסט, וואָס וואַרט אַף מיר,
ניט קען מיך אָפּשרעקן אַצינד:
און אויפגעמאַכט האָב איך די טיר,
עס זאָל אַריינטאַנצן דער ווינט.

מיין אויג איז אָנגעזאַפּט און זאַט,
און וואָס האָט ניט מיין אויער געהערט?
און ליב איז מיר דאָס האַרבסטיק בלאַט,
וואָס טוליעט זיך צו מאַמע־ערד.

די האַרבסט־נאַכט רוימט מיר איין אַ סאָד,
נאָר כ׳קען אַ שמייכל טאָן גאָר דרייסט.
עס שרעקט מיך ניט די האַנט, וואָס דראָט,
און אויך אין טויט געפין איך טרייסט.

מיין זומער האָט מיך זאַט געמאַכט:
געשניטן האָב איך, וואָס פאַרזייט.
כ׳בין רואיק אין דער שוואַרצער נאַכט —
מיין קאָפּ וועט ווערן ווייס־פאַרשנייט.

2

גאַס־רעגנס האָבן אין זיין האַרץ אַריינגעכליפּעט;
אַ פויגל האָט פון נעסט אַרויסגעזונגען זאַרגלאָז;
קעצל האָט באַם ראַדיאַטאָר זיך געוואַרעמט.
זיין בליק — אין הויך, צו נעפּלדיקע וואַסער־הימלען.
ער האָט פון זיך אַליין אַנטלויפן ניט געקענט.
נעכטיקע יאָרן — דיקע מויערן, יאָרן — שטעכעדיקע גראַטעס,
האָבן אים דעם וועג פאַרצאַמט
מאָרגנס — קאָלירלאָזע, ווי הימלדיקע נעפּלען,
האָט פון זייער דורכדרינגענדער, בייטשיקער נעץ אים געשווידערט.
טעמפּער היינט — שפּיזלדיקע רעגן־קלעפּ,
גרויט טויט פון זיי אַרויס.

צו וועמען זאָל ער זיך טוליען?
אַ פויגל האָט פון נעסט אַרויסגעזונגען,
קעצל האָט באַם ראַדיאַטאָר זיך געוואַרעמט,
גאַס־רעגנס האָבן אין זיין האַרץ אַריינגעכליפּעט.

## פארנאכטן

1

פארנאכטיקע שאטנס פוןביימער אף גראז,
ווי שטומע שאמרים פון אייביקן שאץ;
ווי הענט אויסגעשפרייטע פון ריזן אף וואך,
מיט פינגער אין הימל פון קופער און ראז.

עס גרייטן זיך לעבנס צום באלדיקן בייט;
עס איילט זיך דער פויגל אהיים צו זיין נעסט;
א שושקען פון גרינס, א סוידען אין רוים,
און אפהילך פון טריט אינדערווייט.

עס האלט־איין איר אטעם די ווארטנדע ערד,
און מיט שוועבנדע טריט און געצאמטן פארנעם
באווייזן זיך צאללאזע רייטער מיט שטאלץ
אף שווארצע, גיגאנטישע פערד.

ס׳רינגלען די רייטער געלאסן ארום
די פעלדער פארשטילטע, דעם רוים,
און ס׳לאזן זיך שווייגנד די פערד אין גאלאפ,
צעשפרייטנדיק נאכט אומעטום.

2

צונטערדיקע יאָנטעװ־שױבן
איבער שמאָלע, ענגע גאַסן.
דאָ און דאָרטן הימל־פּאַסן,
װאו די זון פאַרשװינדט געלאַסן,
אָנגעזאַפּט מיט ליכטיק גלױבן.

און אין מיר — די רו פון טױבן.
אין מײן בליק זיך מיניען פרײדן;
ס'טוט זיך אַלץ אין יאָנטעװ קלײדן,
מיט דער גאַס ניט װילט זיך שײדן,
ס'שיקערט־אָן זיך ס'הארץ מיט גלױבן.

אָפּגעטרײסלט טאָגיק שטױבן,
אָפּגעװאַשן שװאַרצע זאָרגן.
זון װעט פרײד אַסאַך נאָך באָרגן;
ס'װעט זײן ליכטיק מאָרגן, מאָרגן,
װען עס שטראַלט אין בליק אַ גלױבן.

## אָוונט־שאָטנס

פֿאַס פֿון זון אי דאָ אי דאָרט;
טונקל־גרינער ווערט דאָס גראָז;
ס׳גלעט אַצינד דיין רואיק וואָרט,
ס׳איז דיין בליק פֿון צאַרטן ראָז.

סוידעס סוידען זיך אין הויז,
צימער האַלט דעם אָטעם איין;
בלאַסער ווערט די רויטע רויז,
שפּיגלען זאַפֿן אָוונט־שיין.

זונען־פֿאַסן — מער ניטאָ;
אָוונט־כאַלעם — נעם אונדז צו.
גוט איז מיר, וואָס דו ביסט דאָ
אין דער אָוונטיקער רו.

# וואנדער־ליד

עס לאָקט, עס ציט צו זיך דער וואַנדער;
די וועגן שטרעקן זייערע אָרעמס אויס.
דער ווינט די פּאָלעס שפּרייט פאַנאַנדער
און זינגט: „די וועלט איז העפקערדיק און גרויס“.

נאָר ס׳האַלט מיין שטוב מיך ווי געפאַנגען;
עס קוקט אַף מיר געטריי מיין ווייכע בעט;
אַרום — געזעטיקטע פאַרלאַנגען;
די רו פאַרוויגט מיך ווי אַ קינד, און גלעט:

— ווי וועסטו לאָזן זיך פון דאַנען,
מיין קינד, אַף וועגן פרעמדע, אָן אַ ציל?
— אָ, לאָז מיך, מאַמע־רו, כ׳וויל שפּאַנען,
איך הער פון וואונדער־קלעזמער וואו אַ שפּיל.

געהערט דאָס שפּיל האָט אויך מיין טאַטע,
און האָט פאַרלאָזן אַלץ און איז אַוועק,
פון וויט אַ צוויבער־פּיטשיקאַטאָ
מיך מאַניעט שוין פון לאַנג און וועקט און רעגט.

איך גיי. עס פאַנגען מיך די קלאַנגען,
צעשפּרייט די אָרעמס האָט פאַר מיר דער וועג.
באַגלייטן מיך אין וואַנדער לאַנגען
וועט דער טאַנץ פון מיינע טויטע טעג.

# אין באַן

וואונדער איבער וואונדער פאַר מיין פענצטער שוועבן;
פעלדער, וועלדער, בערג און טאָלן.
צויבער־הענט אומזעבאַר וועלטן שפּינען, וועבן.
ווער קען אַלע גרין־קאָלירן מאָלן?

וואונדער איבער וואונדער. כ׳זיץ און האַלט אין קלערן.
גיי דערגיי דעם סאָד פון אָט די אַלע צילן.
וואונדער איבער וואונדער טוען זיך אַלץ מערן,
לעבנס פאַרביקע פרייען זיך און שפּילן.

ווי קום איך אַהער דאָ מיט געמיט דעם שווערן?
פרעמד איז דער אַרום, דאָך וואַכט ער אין די בלוטן.
וואונדער איבער וואונדער וויל איך נאָר באַגערן,
ס׳וועט זיך אַלץ דאָך ענדיקן צום גוטן.

זאָל די באַן מיך פירן, פירן און פאַרפירן.
ס׳איז פאַר יעדן אָנגעגרייט וועגן גאָר באַזונדער.
איך וואָלט וועלן זיך פאַרבלאָנדזשען און פאַרלירן,
דאָ אין לאַנד פון וואונדער איבער וואונדער.

# א ליד פון וועג

די ראַכוועסדיקע וועגן וויקלען זיך פאַנאַנדער
און רייצן־אויף די לאַנג־פאַרבאָרגענע באַגערן,
און אויפגעפראַלט די טירן האָט אין דיר דער וואַנדער,
פון צוויבערדיקער ווייט, פון וואונדער, וואָס וועט ווערן.

עס נעמט דיך אויף דער וועג מיט אָרעמס ליב־צעשפרייטע,
זאַפסט־איין די פרייד פון רו, פון גרינס די אַראָמאַטן,
אַראָפּ פון מויערן דער יאָך, פון שטאָט די קייטן,
און ס׳זינגט אין דיר ס׳געזאַנג פון וועג דעם פרייעס, גלאַטן.

אַליין אין אומגעצאַמטן, לאַקנדיקן וואַנדער —
און ס׳ווערט דיר נאָנט און היימיש יעדער איינער.
ס׳האָט ווער דאָ זשמעניעס פרייד געשפרייט פאַנאַנדער,
און ס׳יאָנטעוון די אָפּגעקאַלכטע, ווייסע שטיינער.

דער ווייטער וועג האָט דיך פון אַלעם אָפּגעזונדערט —
האָסט פּלוצים היינט אַן אַלטע, גרויע וועלט פאַרלאָרן.
מיט דיר געשעען וועלן וואונדער איבער וואונדער —
ווערסט היינט אין טיפער, גרינער ווייט אַפסניי געבאָרן.

## באגינען

היינט באַגינען האָבן מיך אַרומגערינגלט
נעפּלען ווייסע, אומעטום.
ניט געזען האָב איך די גרינע בערג אַרום,
ניט די פעלדער גאָלדיק־ברוינע,
ניט דעם נאָנטן שפּיגל־טייך.
נאָר ווייסע, נעפּלדיקע פעלזן־בערג
האָבן סוידעסדיק מיך געלאָקט צו זיך.
און געשטאַנען בין איך ווי פאַרבלאָנדזשעט און געפילט:
ווי עס שפּרייט זיך ווייסער נעפּל איבער מיר
און פאַרשלייערט, שלייערט, שלייערט־איין מיך
אין זיינע זיידענע וואָלן,
און לאַנגע, ווייסע צויבער־פינגער
ציען, ציען מיך צו זיך.
און איך — בין מער ניט איך;
מיין וועלט איז מער ניט מיין.
נאָר ווייסע נעפּל־שפּיצן
קריצן־אויס וואו — שטיל און סוידעסדיק —
אַ ווייסן, ווייסן „איך“.
און עס האַקן ווייסע נעפּל־העק,
אומהערבאַר,
ווייסע צויבער־וועלטן אויס.
און ציטערדיקע, צאַרטע, ווייסע שטימעס
האָבן מיך געבעטן, האָבן מיך גערופן:
— „קום, ק—ו—ו—ם!“

## דער אייביקער טאַנץ

מיר ווערן אַריינגעצויגן אין טאַנץ פון לעבן
און ווערן אָנגעשטעקט מיט היסלאַוועס פון די טענצער.
דרייט מען אונדז אַהער, אַהין:
דרייט דער קאָפּ זיך, ווערט פאַרדרייט;
פרעגט ניט קיינער, ווייסט ניט קיינער,
ווער עס פירט דעם טאַנץ,
ווער עס פירט דעם טאַנץ.

דער אָרקעסטער שפּילט אָן אויפהער.
זעט ניט קיינער דעם אָרקעסטער,
ווייסט ניט קיינער, וואָס ער שפּילט...
דרייען מיר זיך אין געדריי,
שנעלער אַלץ און פעסטער אַלץ:
דרייט מיט אונדז די גאַנצע וועלט זיך.
פלאַקערט־אויף אין אונדז דאָס בלוט
און פאַרצערט אונדז, און פאַרצערט אונדז.

דרייען שנעלער מיר זיך אין געדריי,
מיט די לעצטע קויכעס אין געדריי.
גיט דער באַראַבאַן אַ זעץ,
גיט דאָס האַרץ אַ קלאַפּ,
גיט די וועלט אַ פאַל —
פאַלן מיר אַף איר.

און דער טאַנץ גייט־אָן,
און די ראָד זיך דרייט,
און פאַרדרייט די קעפּ,
און פאַרדרייט די קעפּ —
פון די נייע טענצער.

# אין א שטורעם

ס'נענטערט זיך דער שטורעם
אין דער שוואַרצער נאַכט.
ס'איז פון שטיין מיין טורעם —
שיצט ער מיך און וואַכט.

ס'וואָיען וואָלפן־ווינטן;
רעגן דראָט אין שויב;
גאַסן־לאַבירינטן —
פאַרן ווינט אַ רויב.

ווער עס איז געבליבן
ניט־באַשיצט אין גאַס,
ווערט פאַרבלענדט געטריבן
פון דעם שטורעמס קאַס.

טריט דערשראָקן יאָגן,
טויער, טיר פאַרמאַכט:
ווינט ברייינגט שרעק צוטראָגן
אין דער בייזער נאַכט.

און דער פרייער שטורעם
צאָרנט ווילד און זידט,
נאָר מיין טרייער טורעם
שיצט מיך און באַהיט.

## שניי אין מאי

אַ בייזער שניי איז פּלוצים אָנגעפלויגן
אין אָנפאַנג מאַי;
עס האָבן די טולפּאַנען מיינע זיך געבויגן —
ביז ר׳וועט פאַרביי.

אַ ווינטער־ווינט האָט שניי געשמיסן
אַף בלעטער גרין,
און פון מיין ביימעלע געריסן
די צווייגלאַך דין.

און ווען איך האָב באַנאַכט געלייגט זיך,
געהערשט האָט ווינט;
די ביימער — צו מיין בעט געניינגט זיך:
„פאַר וועלכע זינד?"

איך האָב געטראַכט פון מיינע רויטע בלומען
דאָרט אַף דער פריי,
זיי האָבן מיך געפרעגט: „פאַרוואָס איז שניי געקומען
אין אָנפאַנג מאַי?"

## שטאָדט־שטויב

שטויב פון שטאָט אין מיינע לונגען,
שטויב פון שטאָט אַף מיין נעשאָמע.
זאָלן גרויע וואָלקן־צונגען
ברייננען מיר אַ קאָפּ נעכאָמע.

כ׳וואַרט אַ דורשטיקער אַף רעגן.
ס׳האָלט דער שטויב זיך אין איין מערן.
דונערס מיך דערשלאָגן מעגן,
נאָר זאָל שטויב מיך ניט פאַרצערן.

ס׳טרוקן ברויט מיינס פול מיט שטויב איז,
און מיין טאָג איז אונטערטעניק
און מיין לעבנס־וועג אַ רויב איז
צו דעם ווילדן שטאָט־שטויב קעניק.

שווער דער אָטעם. כ׳האַלט אין בלאָזן.
שטרעק צום הימל מיינע בליקן.
כ׳וועל מיך ראַנגלען, כ׳וועל ניט לאָזן,
ס׳זאָל דער שטאָט־שטויב מיך דערשטיקן!

# אין גערַאנגל

וואָס העכער ס׳רייסט נעשאָמע זיך צו רוימען,
אַלץ טיפֿער זינקט זי גוף אַראָפּ.
ווען טאַיווועס ברויזן זיך און שוימען,
דאַן פֿאַלט נעשאָמע ווי אַ סנאָפּ.

עס ווילט זיך טויוולען, טפֿילע טאָן און פּילן,
אַז ס׳האָט קיין שליטע מער ניט זינד; —
נאָר ווער קען פֿייער־בלוטן שטילן
און ווער קאָן צאַמען ווירבל־ווינט?

עס האָבן דוירעס לאַנגע זיך גערַאנגלט
מיט טהאָרע־טומע, מאַלאַך־שעד —
און אויסגעגאַנגען אין אַ גלויבן־מאַנגל
און בלויז געלאָזט נאָך זיך „אַל־כעט“.

אזוי אויך האָט געלעכצט אין אונדז אַ שטרעבן
נעשאָמע האַלטן ריין פון פלעק,
נאָר אָפּגעריסן זי, אין שטראָם פון לעבן,
האָט גוף, צו אונדזער שאַנד און שרעק.

און מאַכטלאָז זיינען מיר. ס׳איז שוין פאַרלאָרן
נעשאָמע אינם טהאָם פון זינד.
עס כויזעקט גוף פון אונדזער ווילדן צאָרן,
דער לעצטער שטראַל פון אונדז פאַרשווינדט.

נעשאָמע שמאַכט, גייט־אויס אין ווייטיק־באַנגען,
עס בוקט זיך גוף צום לייכטזין־באַל.
עס האַלטן טאַיוועס אונדזער וועלט געפאַנגען,
און גוף איז הערשער איבעראַל.

## דאָס ליד פון קיך

איך בענק נאָך דיר אַצינד, אין שפּעטער נאַכט ;
איך זיץ און קוק אַרוים ; דאָס פענצטער אָפן.
דער רעגן רעדט צו מיר. איך הער און טראַכט :
דו האָסט מיסטאָם דאָס הויז פאַרוויגט צום שלאָפן.

איך לעב איצט ווידער איבער בילד נאָך בילד.
ווען ביסטו מיר געוועזן נאָנטער, ליבער ?
איך זע : דו שטייטס אין קיך. דיין קאָל איז מילד.
דו רעדסט צו מיר אוןווישסט די טעלער איבער.

דיין ריינע, ווייסע קיך ! מיין ליבער טרוים !
האָב איך געזען דען עפּעס שענערס וואו ?
דאָס ווייסט דער אַלטער, שוויינגנדיקער בוים,
דאָס ווייסט דער ווייסער טיש און איך און דו.

אַ, אוונטן, פֿאַרבראַכטע בײַ דעם טיש,
און קוקנדיק אַריין זיך אין די אויגן!
די קליידער דײַנע אויסגעפּרעסטע פֿריש,
דעם רייאַך זייערן אַרײַנגעצויגן
האָב איך אין זיך, ווי טייערסטע פּאַרפֿיומען,
און אַף מײַן וואַנדער מיט־זיך מיטגענומען.

דײַן פּאַרטוך ווײַס — דער שענסטער טואַלעט פֿאַר מיר;
די צירונג דײַנע — די פֿינקלדיקע קיך־געשיר.
אין יעדן ווינקעלע האָסטו געהאַט פֿאַרשפּרייט
אַ שמייכל פֿון דײַן פּנים — מײַן גרעסטע פֿרייד.

איך ווייס: דו טראַכסט פֿון מיר אין קיך, אין אָוונט־צײַט,
ווען זיצסט פֿאַרלייגט די הענט, נאָך אַרבעט שווער.
ס׳איז נאַכט. איך בענק נאָך דיר אַצינד. איך קוק אין ווײַט:
דער רעגן גיסט. איך הער דײַן קאָל, איך הער.

## מינוטן פון איינזאמען בענקען

מינוטן פון איינזאַמען בענקען,
מאָמענטן פון אייביקן צאַר,
ווען דו ביסט דער צענטער פון דיינקען,
ווען דו ביסט פון פילן דער האַר.

עס נידערן וועלטן צופוסנס,
עס נענטערן רוימען אַראָפּ;
עס ברענגען שעלוכים דיר גרוסן
פון צייטן, וואָס קרוינען דיין קאָפּ.

נאָר ס׳איז דיינס איז שטראַליק פון טרערן,
דיין פּאָנים — געלייטערט פון לייד:
דער האַר פון געצונדענע ספערן
אין איינזאַמען בענקן פאַרגייט.

די שיינקייט פון איינזאַם-מאָמענטן,
דערהויבונג פון צאַר-געפיל —
א ווידע פון לעבן פאַרשווענדטן,
אַן אָפּשטעל פון מאָלענדער מיל.

## האַנט אין האַנט

האַנט אין האַנט, מיט טריט געציילטע,
לאָזן מיר זיך אָפּן וועג.
אַלע ווערטער אויסגערעדט שוין,
אַלע צווייפלען — גוט געמאַכט.

וואָס איז אונדז דען נאָך פאַרבליבן
אױף דעם קורצן לעבנס־וועג?
שטאַרקע האָבן אונדז באַצוואונגען,
שוואַכע האָבן מיר באַזיגט.

ס'איז דער גורל — אָפּגעכאַסמעט,
ס'איז דער וועג — באַקאַנט און זיכער;
ריין די הענט, און הערצער ריינע,
און ס'באַגלייט אונדז ניט קיין שרעק.

איז אַצינד אונדז בלויז פאַרבליבן
ווייטער לאָזן זיך אין וועג.
האַנט אין האַנט, מיט טריט געציילטע,
לאָזן מיר זיך אָפּן וועג.

.1923

# קאפריז

אריין אין רעסטאָראַן. באַם ווייסן, קאַלטן מאַרמאָר־טיש.
אין קרייז פון פלאַפלענדיקע גוטע פריינט.
דיין פּאָנים ראָז, פון קילן מיירעוו־ווינט נאָך פריש,
דיין בליק, דער שטראַליקער, אונדז אַלעמען באַשיינט.

עס רעדן פריינט. דו שאָקלסט־צו, דאָך הערסט זיי ניט.
איך האָב אין דיר זיך איינגעזאַפּט, דאָך קוק איך אינדערוויט.
דו עסט. איך עס. עס לאָקט דיין בליק און גליט
און אונדזער ביידנס שווייגן שטורעמט, שרייט.

מע לאַכט. לאַכסט מיט. די ליפּן מיינע צוגעפּרעסט.
עס בעט דיין בליק: „אָ, שיינק אַ קוק אָף מיר!"
איך טראַכט: ווי נאַריש איז דער אוילעם, ווען ער עסט —
און קוק אַ בייַנקענדיקער צו דער טיר.

אין גאַס. איך פיל דיך באַ מיין זייט.
אַ שווייגעניש פון ביידן. עס פלאַפּלען פריינט.
איך זאָג „אַ גוטע נאַכט". דיין שווייגן שרייט.
איך ווייס, איך בין געווען מעפיסטאָ היינט.

## אויסגעלאכט

דער נאַר פון דער וועלט האָט מיר אין אויער אַריינגעלאַכט
און גיך זיך אָפּגעטראָגן...
כ׳האָב ניט געהאַט אים וואָס צו זאָגן
סיי־ווי־סיי —
נאָר כ׳האָב דערפילט דאָס קלאָגן
פון פאַרגאַנגענע יאָרן אין מיר.
איך האָב געשטעלט זיך בײַ דער טיר
פון דער וועלט,
און אויסגעשריען מיט אַלע קויכעס
צו אַלע קלוגע מויכעס:
„ווי גרויס וועט זיין אייער בראָך און צאַר,
ווען ס׳וועט אייך אויסלאַכן דער נאַר!“

# פארנאכט באם יאם

וואָס דערמאָנען מיר די רוישנדיקע, וואַיענדיקע כוואַליעס,
פאַרנאַכט, באַם יאַם?
אַמאָל זינגען זיי אויס אין אוניסאָן
זייער ווייסע געוואורע,
און ס׳הערט די וועלט אַרום
און ציטערט.

אַמאָל איז זייער מאַכטיק, רוישיק ליד
אַ טרייסט פאַר מיר, אַ רו.
און זיי פאַרוויגן, וויגן־איין מיך,
ווי אַ מאַמע איר קינד.

אַמאָל, זיך צוהערנדיק שטאַרק צו זייער ווילד געשריי
און זעענדיק זייער שטורמיק געלאַף,
דערהער איך, דאַכט זיך, גוואַלדן פֿון רעוואָלט,
דערזע איך פֿויסטן, וואָס שטרעקן זיך,
וואָס באַלן זיך צוזאַמען
אין ברויזנדיקן צאָרן.

דאַן שטיי איך אַן אויפגעברויזטער, אַ דערוואַכטער
פֿון אַ ניי לעבן —
וואָס זינגט אַרויס
פֿון דער האַלב-שוואַרצקייט
פֿון יאַם, פֿאַרנאַכט.

##ביימער

ביימער זיינען איידעס שטומע
פון אַ דורכגעטאַנצטן לעבן.

פֿאַרלאַך אויסגעפּוצטע קומען,
דרייען זיך אַרום און שוועבן
אין אַ טאַנץ, וואָס האַלט אין רוישן,
און וואָס ציט מיט צויבער-פֿינגער.

פֿאַרלאַך העפטן זיך און טוישן,
און די קויכעס ווערן אינגער.
פּיקען ביימער זיך און בליען,
צווייגן-הענט צו זון זיך ציען,
ביימער בעטן,
שטראַלן גלעטן.

ווערן פאַרלאָך מיד פון טאַנצן:
פים — געבויגן, קעפּ — געזונקען;
אויגן טוען מער ניט גלאַנצן,
גליִען, טליִען שטומע פונקען.

ביימער־איידעס ווערן גרויער,
לאָזן קעפּ אַראָפּ אין טרויער,
ווינטן־פליקער
רייסן שטיקער.

ליגן פאַרלאָך אויסגעצויגן,
צוגעמאַכטע, טויטע אויגן.
— ביימער־איידעס שטייען, היטן —
און זיי פוצן זיך אין בליטן...

## ווינט

איך ליב דעם פרייעם פייפנדיקן ווינט,
וואָס טראָגט זיך אום דורך דערפער און דורך שטעט;
וואָס לויפט אַף פעלדער מוירעדיק געשווינט,
און וויינט און לאַכט און שעלט און בעט —
געשווינט, געשווינט.

ער קומט צו מיר פון וועגן וויסט און לאַנג,
דער ווינט,
וואו ס'טראָגט זיך, יאָגט זיך באַן נאָך באַן;
וואו ס'הערט זיך בלויז דער שווערער רעדער־קלאַנג
און מיילנווייז קיין לעבן איז פאַראַן —
געשווינט, געשווינט.

ער קומט צו מיר פון טייכן און פון יאַם,
דער ווינט;
וואו ס'איז דער קוואַל פאַר אים אַ ווילדער שפּיל;
וואו שיפלאַך קערט ער אום און וואַרפט זיי סטאַם,
אָן צוועק, אָן ציל —
געשווינט, געשווינט.

ער קומט צו מיר פון הייזלאַך־כורוועס קלייִן,
דער ווינט,
און פון אַ קראַנק געצעלט;
און פון פּאַלאַצן וויים און מאַרמאָר־שטיין,
פון ביים־האַקוואָרעס־פעלד —
געשווינט, געשווינט.

ער קומט צו מיר אַ ווילדער און אַ פרייִער,
דער ווינט;
איז אומעטום געוועזן און אַלץ געזען;
זיין פייף קלינגט שטענדיק פרישער מיר און נייער;
דערציילט מיר פון זיין גוואורעדיקן ברען —
געשווינט, געשווינט.

און הער איך נאָר דעם פייף אין דרויסן,
פון ווינט —
אַנטלויף איך ניט באַהאַלטן זיך געשווינט:
כ'האָב ליב דעם רויש, דעם ווילדן, גרויסן,
כ'האָב ליב דעם פרייען, פייפנדיקן ווינט —
געשווינט, געשווינט.

## שיינקייט

כ׳וועל שטאַרבן פריצייטיק
פון בענקשאַפט נאָך שיינקייט,
עס וועט מיך דערשטיקן
דאָס מיעסע פון לעבן.

גרויס איז מיין הונגער
קלאַפּ איך אין טירן,
בעטל איך שיינקייט —
שפּייזט מיך דאָס מיעסע.

גיי איך לאַנגזאַם אויס דאָ
פון בענקשאַפט נאָך שיינעם;
לאַנגזאַם דערשטיקט מיך
דאָס מיעסע פון לעבן.
.1923

פון זעלבן שרייבער:

ווינטן. לידער, 1923.
שאטנס פון ניו יארק, פראזע, 1928.
ווילי דער זינגער,
בריוו פון די קעטסקיל־בערג — קינדער מייסעס. ווילנע, 1928.

צום דרוקן:

א באנד דערציילונגען.

